# דורך טיר און טויער

## לידער און קרייזשפּילן פאַר קינדער

שמואל צעסלער

# דורך טיר און טויער

לידער און קרייזשפּילן פֿאַר קינדער

הילע און צייכענונגען פון י. גראַנאַט

*

בוענאָס-איירעס
אַרגענטינע
1949

IMPRESO EN LA ARGENTINA

PRINTED IN ARGENTINE

# POR PUERTA Y PORTON

## (DURJ TIR UN TOIER)

POESIAS Y RONDOS PARA NIÑOS

— DE —

SAMUEL CZESLER

Buenos Aires

República Argentina

1949

# אַריינמאַרש

פּראַלט דעם טויער אויף און טירן
עפנט ברייט, עפנט ברייט,
ס׳גייען רייען און מאַרשירן,
קייט נאָך קייט, קייט נאָך קייט.

צינדן אָן זיך העלע זונען
ביי דעם גאַנג, ביי דעם גאַנג;
שטראַלן האָבן זיך פאַרשפּונען
אין געזאַנג, אין געזאַנג.

הימלען לייכטן, שעמערירן
פול מיט פרייד, פול מיט פרייד;
פּראַלט אויף טירן, עס מאַרשירן
קייט נאָך קייט, קייט נאָך קייט.




# ס'פֿאָרט אַרויס אַ חלוצל

עפֿנט אויף, עפֿנט אויף,
עפֿנט אויף דעם טויער,
ס'פֿאָרט אַרויס אַ חלוצל,
ס'פֿאָרט אַ יונגער בויער.

— וווּשע איילסטו, חלוצל?
ווי די פֿערדלעך פֿליען!
— קיין ישראל, אין מיין לאַנד,
צו דער מוטער ציון!



— וואָסזשע וועסטו, חלוצל,
טאָן אין לאַנד אין ווייטן?
— איך וועל פעלדער אַקערן,
זייען דאָרט און שניידן!

— און וואָס וועסטו מאַכן נאָך
אויסער שניידן, זייען?
— איך וועל העלפן בויען שטעט,
אויסלייגן שאָסייען!

— פאָר געזונט מיין חלוצל,
גרים דאָרט אַלע ברידער,
ביסט אַ גוטער זון פון פאָלק,
בוי מיט פרייד און לידער!

עפנט אויף, עפנט אויף,
עפנט אויף דעם טויער,
ס׳פאָרט אַרויס אַ חלוצל,
ס׳פאָרט אַ יונגער בויער.

# מיך רופט די הגנה

— מיין קינד, וואָס שטרעקסטו מיר דיין האַנט —
דו גייסט פון מיר אַוועק?
— מיך רופט מיין פאָלק, מיך רופט מיין לאַנד,
איך לאָז מיך גלייך אין וועג!

— דיין בליק ווי שטאָלץ און העלדיש בליצט
און ס'לעשט אין מיר מיין צער!
— איך גיי פאַר מיין מדינה איצט
אין קאַמף קעגן געפאַר!

— מיין שרעק פאַרשווינדט! — דו גורטסט דיין שווערד
גאָר מיט אַ פרייד אַזאַ!
— מיך רופט מיין פאָלק, מיך רופט מיין ערד,
מיך רופט די הגנה!

# אַלע בויען

אַלע בויען, אַלע בויען,
אָן אַן אויפהער, נאָך אַנאַנד,
אַלטע, יונגע, מענער, פרויען, —
אַלע בויען אונדזער לאַנד.

און דער חלוץ, און דער פּועל,
און די זעלנער און דער פּלאָט,
אַלע בויען אויף ישראל,
אַלע קרעפטיקן איר טראָט.

פון דעם מאָרגנפרי דעם גרויען
ביז אין אָוונט, נאָך אַנאַנד,
מענער, פרויען, אַלע בויען,
אַלע בויען אונדזער לאַנד.

פּאַסטעכער אויף פעלדער גרינע
און די אַרבעטער אין שטאָט,
אַלע בויען די מדינה,
אַלע קרעפטיקן איר טראָט.

אַלע האָרעווען, זיך מיען,
אָן אַן אויפהער, נאָך אַנאַנד,
אַלע בויען מוטער ציון,
אַלע בויען אונדזער לאַנד.

אַלטע, יונגע, מענער, פרויען,
און דער שומר, דער פּילאָט,
אַלע וואַכן, אַלע בויען,
אַלע קרעפטיקן איר טראָט.



# עם ישראל חי

בלאָזט אין שופר של משיח —
אונדזער פאָלק דערוואַכט אויפסניי,
שאַלט: — זאָל לעבן לאַנד ישראל!
זינגטזשע: — עם ישראל חי!

איבער דעכער, איבער טורעמס,
אין די הימלען, אויבנאָן,
שטראַלט אין גאָלד דער מגן־דוד,
פלאַטערט ווייס און בלוי די פאָן.

מתנות גייען, מתנות קומען,
אַלע יידן שטייען גרייט.
בלוט און טרערן — ווערן בלומען
און פון טרויער — שפּראָצט די פרייד.

בלאָזט אין שופר של משיח —
אונדזער פאָלק דערוואַכט אויפסניי,
שאַלט: — זאָל לעבן לאַנד ישראל!
זינגט זשע: — עם ישראל חי!



# אונדזער

# לאַנד



אונדזער לאַנד האָט פעלדער, וועלדער,
גרינס און פרוכטן אַלע סאָרטן,
אונדזער לאַנד האָט מילך און האָניק,
אַלע זינגען, טאַנצן דאָרטן.

ווען מיר וועלן גרעסער ווערן
און שוין האָבן מערער יאָרן —
וועלן מיר מיט טאַטע־מאַמע
קיין ארץ ישראל פאָרן!

# עס זאָל לעבן ישראל!

ס׳קומען געסט פון אַלע זייטן,
סיי פון דאָ און סיי פון דאָרט,
פון דער נאָענטן, פון דער ווייטן,
פון אַרום, פון יעדן אָרט.

— זאָגט מיר, זאָגט מיר, ליבע קינדער,
זאָגט מיר, זאָגט מיר, גוטע פריינט:
וואָסזשע פרייט איר זיך אַצינדער?
וואָס איז פאַר אַ יום־טוב היינט?

— אַלע ווייסן, אַלע ריידן,
עס איז יעדערן באַקאַנט,
מיר דערציילן אייך אין פריידן:
יידן האָבן שוין אַ לאַנד!

הייבט אויף פאָנען, עפנט זאַלן,
צינדט אָן אַלע ליכטער העל,
לאָמיר זינגען, לאָמיר שאַלן:
עס זאָל לעבן ישראל!

# שופר

שופר, שאַל אוים די ידיעה,
אין דער לופטן, הויך און העל:
— תקיעה! תקיעה! תקיעה! תקיעה!
אויפגעוואַכט האָט ישראל!

שופר, זאָג אָן די ישועה,
אין דער לופטן, הויך און העל:
— תרועה! תרועה! תרועה! תרועה!
אויפגעוואַכט האָט ישראל!

בלאָז דיין רוף און שמעטער קלאָר אים
אין דער לופטן, הויך און העל:
— שברים! שברים! שברים! שברים!
אויפגעוואַכט האָט ישראל!

שופר, צי מיט וואונדער הוילע,
אין דער לופטן, הויך און העל:
— תקיעה! תקיעה! תקיעה גדולה!
אויפגעוואַכט האָט ישראל!




# אַ גוט יאָר

טאַטעלע, מאַמעלע,
נאַט אייך אַ מתנה:
אַ שיין לשנה־טובהלע,
אַ ווונטש צו ראש־השנה.

אַ גוט יאָר ווינטשן מיר
אַ גליקלעך און צופרידן,
אייך און יעדן גוטן פריינט
און אַלע, אַלע יידן!

# שמחת תורה

שמחת תורה, האָפּעלע,
מיטן פּוס אַ טופּעלע,
אַלע אין אַ קרענצעלע,
גייען מיר אַ טענצעלע.

רענדלעך אין אַ טעשעלע,
ווייַן אַ פולע פלעשעלע,
אויף דער פאָן אַן עפּעלע
און תורה — אינעם קעפּעלע.

# חנוכה־ליכטלעך

עס ברענען קליינע ליכטעלעך
מיט פלעמעלעך מיט העלע:
אַ ראָזינקע, אַ ברוינינקע,
אַ לילאַ און אַ געלע,

אַ רויטינקע, אַ בלאָינקע,
אַ גרינע און אַ ווייסע —
אַכט קליינע, שיינע ליכטעלעך
דערציילן אייך אַ מעשה:

— אַמאָל, אַמאָל אין אונדזער לאַנד,
געהערשט האָבן רשעים,
ביז וואַנען ס׳האָבן אויפגעוואַכט
די העלדן חשמונאים.

און מיט זיין מוט, יהודה
המכבי איז געקומען,
און האָט פאַריאָגט דעם שונא
וואָס האָט אונדזער לאַנד פאַרנומען.

איצט פייערן מיר חנוכה
און ליכטלעך ברענען העלע:
אַ ראָזינקע, ברוינינקע,
אַ לילאַ און אַ געלע,

אַ רויטינקע, אַ בלאָינקע,
אַ גרינע און אַ ווייסע,
אַכט קליינע, שיינע ליכטעלעך
דערציילן אונדז אַ מעשה.



# דריידלשפּיל

דריידל: — כ׳בין אַ פלינקע דריידל,
איך פאַרשפּיל, געווין;
האָב איך אויף די זייטן אותיות:
נון, גימל, הא, שין.

קינדער: — דריי זיך דריידל, גיכער!
שטעלן מיר אין קאָן.
וויזשע וועסטו פאַלן?
וואָסזשע וועסטו טאָן?

דריידל: — כ׳הייב זיך אָן צו דרייען
יאָג מיך גיך אַרום.
אָטאָ לייג איך מיך אַנידער,
ווייז איך די נון.

קינדער: — נון — נייַן! נון — נייַן!
דאַרפֿן מיר ניט נעמען.
איצטער וועסטו ווידער גיין, —
ס׳איז דער קאָן פֿאַר ווּעמען?

דריידל: — גיי איך איצטער ווידער,
יאָג אַהין, אַהין.
אָטאָ לייג איך מיך אַנידער,
ווייז איך אָן די שין.

קינדער: — שין — שלעכט! שין — שלעכט!
דאַרפֿן מיר גאָר שטעלן.
גיי שוין דריידל איצט און טרעף,
מער זאָלסטו ניט פֿעלן!

דריידל: — יאָ, איך גיי שוין ווידער,
לאָז מיך אין געדריי.
אָטאָ לייג איך מיך אַנידער,
ווייז איך אָן די הא.

קינדער: — הא — האַלב! הא — האַלב!
העלפֿט פֿון קאָן גענומען.
דריידל, גיי צום לעצטן מאָל, —
ס׳מוז אַ גימל קומען.

דריידל: — יאָ, איך גיי שוין ווידער
ס'לעצטע מאָל אין קאָן.
אָטאָ לייג איך מיך אַנידער,
ווייז די גימל אָן.

קינדער: — גימל — גוט! גימל — גוט!
נעמען גאַנץ, פאַרשטייט זיך.
איצטער, דריידל — אָפּגערוט,
און אויפסניי געדרייט זיך.



# שלח־מנות

(קרייזשפּיל)

מאַמע: — נעם אַ טעלער גוטע זאַכן,
מיט אַ טיכעלע פאַרדעק,
צו דעם ליבסטן קינד, דעם בעסטן,
שלח־מנות טראָג אַוועק.

אַלע: — אַלע זענען מיר דאָ גוטע,
אַלע האָבן מיר דיך ליב.
ווער פון אונדז ס'איז דיר געפעלן —
שענק דעם טעלער אָפּ און גיב.

קינד: — שלח־מנות, שלח־מנות,
טראָג איך דאָ גאַס אויס, גאַס איין,
צו דעם ליבסטן קינד, דעם בעסטן,
ברענג איך עס אין שטוב אַריין.

אלע: — אַלע זענען מיר דאָ גוטע...

קינד: — אַ גוט פּורים! אַ גוט פּורים!
דו געפעלסט מיר זייער גוט!
מיינע גאַנצע שלח־מנות —
שענק איך אָפּ דיר, די מינוט!




זינגט אַלע מיט אַ ניגעלע
אַ מעשה, אַזוי־אַ:
געווען איז אַ ציגעלע
אַ ווייסע, חד גדיא,
חד גדיא!

געקויפט האָט עס, באַקומען עס
ישׂראליקל דער ייד,
פֿאַר צוויי גילדיין מזומנע,
אויף פּוילישן יאַריד.
חד גדיא!

געשפּרונגען אַ צופֿרידענע
איז עס פֿון פֿרי ביז שפּעט,
ס'האָט יעדער ייד און יידענע
געצערטלט עס, געגלעט.

חד גדיא!

נאָר כוחות בייזע קריגערשע
פֿאַרכאַפּט האָבן די גאַם
און אויפֿן ווייסן ציגעלע
געוואָרפֿן זיך מיט כעס.

חד גדיא!

מיט שאַרפֿע נעגל, קעצישע,
געריסן עס ביז בלוט,
די ווילדע הינט, די נאַצישע,
געביסן: — יודע! יוד!

חד גדיא!

מיט שטעקנס עס געקאַטעוועט,
אין פֿייערן געברענט,
געטרונקען עס אין וואַסערן,
און — דאָך עס ניט פֿאַרלענדט.

חד גדיא!

איצט שפּרינגט עס אויף די שייטערן
פֿאַרלאָשענע — ס'איז פֿריי!
די רויע וווּנדן אייטערן,
נאָר היילן זיך אויפֿסניי.

חד גדיא!

— איך לעב! זינגט אויס דאָס ציגעלע
דאָס ווייסע: — איך בין דאָ!
טאָ זינגט־זשע מיט אַ ניגעלע
די מעשה: חד גדיא,

חד גדיא!

# פּסח



קומט דער ליבער פּסח —
שפּילן מיר אין ניס.
ס'איז די מצה טרוקן
און דער ווײַן איז זיס.

נייע שיך און קליידער
האָט מען אונדז געמאַכט.
פּראַוועון מיר אַ סדר,
פּסח אויף דער נאַכט.

# געווען אַמאָל...

(חד גדיא)

געווען אַמאָל אַ רבינו,
אַ ציגנבאָק, אין פעלד.
מיט ציגעלעך מיט קליינינקע,
מיט פינף, האָט ער געקנעלט:
חד גדיא,
איין ציגעלע.

געווען דאָס ערשטע ציגעלע
איז קוים אַ חודש אַלט,
אַ קליין און קעציש מוחל —
פאַרגעסן האָט עס באַלד:
חד גדיא,
איין ציגעלע.

דאָס צווייטע — ווי אַ הינטל בייז,
געווען אַ קנאַפּער גאָלד,
געשלאָגן זיך, געביסן זיך
און לערנען ניט געוואָלט:
חד גדיא,
איין ציגעלע.

דאָס דריטע איז געווען גאָר
אַ פּלאָקן ניט קיין ציג,
געמעקעט בלויז, געפּראַווועט נאָר
ביים לערנען, פוילע שטיק.
חד גדיא,
איין ציגעלע.

דאָס פערטע איז געווען שוין
אַ ציגעלע — אַ ברען,
אַ פייערדיקן קעפּעלע,
געוויזן, אַז עס קען:
חד גדיא,
איין ציגעלע.

דאָס פינפטע איז געווען ווי
אַ פליסנדיקער טייך,
געזאָגט אַלץ ווי אַ וואַסערל,
אויף אויסנווייניק, גלייך:
חד גדיא,
איין ציגעלע.

געשאָקלט האָט דער רביניו
זיין באָרד אַראָפּ, אַרויף:
פאַר צוויי גילדיין, מזומענע,
דער טאַטע האָט געקויפט

חד גדיא,
איין ציגעלע.

און קליינינקע פינף ציגעלעך,
געפלעקט און ווייס, און גרוי,
זיך מיטגעשאָקלט האָבן און
געזונגען אָט אַזוי:

חד גדיא,
איין ציגעלע.



# ל״ג בעומר

ל״ג בעומר, יום־טוב שיינער,
אין אַ שורה גלייך געשפּאַנט,
מיט די פיילן, מיט די בויגנס,
מיט די ראָדביקסלעך אין האַנט!

ל״ג בעומר, יום־טוב שיינער,
אין אַ שורה אויסגעשטעלט,
מיט די פיילן, מיט די בויגנס,
מאַרש, פאָרויס, אין וואַלד און פעלד!

# שבועות

גרינס און בלומען רייסן מיר,
הענגען און פאַרשפּרייטן, —
אויסגעפּוצט מיין שטיבעלע
מיט צווייגעלעך און קווייטן.

אויסגעפּוצט מיין שטיבעלע
מיט צווייגעלעך און בלומען.
אַ גוט יום־טוב, קינדעלעך,
שבועות איז געקומען!




# פון די צען געבאָטן

זעקס טעג זענען וואָכעדיקע,
מענטשן אַרבעטן און טוען,
און דער זיבעטער איז שבת —
אַלע יידן דאַרפן רוען.

זאָג בלויז אמת, זיי קיין שלעגער,
לעב מיט אַלע גוט צוזאַמען.
דו זאָלסט ליב האָבן און פאָלגן
שטענדיק, אַלץ, דיין טאַטע־מאַמען.

# יעקבס זין

ווער עס קען אין חומש גוט —
איז פֿאַר אים אַ טובֿה!
— אַזוי הייסן יעקבס זין:
ראובֿן, שמעון, לוי,

און דערנאָך קומט יהודה,
יששכר און זבולון.
ס'ווּעלן נעמען ווייטערע
זייער צאָל פֿאַרפֿולן:

דן, נפֿתלי, גד, אשר,
יוסף און בנימין. —
אויסגערעכנט אַלע צוועלף,
נאָמען נאָך אַ נאָמען.

# די וואָך

(קרייזשפּיל)

גייען זיבן נעכט און טעג,
אין אַ רעדל, אָן אַ ברעג.

פֿאָרן, פֿאָרן, שוואַרץ און ווייס,
אייביק, אייביק אין אַ קרייז.

זונטיק — ערשט, און מאָנטיק — צווייט,
אָט אַזוי־אָ זיך געדרייט.

דינסטיק — דריט, און מיטוואָך — פערט,
גייען, שפּאַנען אויף דער ערד.

פינפטער — דאָנערשטיק, נאָך זיי,
קומט און דרייט זיך, לויט דער ריי.

זעקסטער — פרייטיק, פּאַסט אַריין
הינטער זיי, וווּ ער דאַרף זיין.

שבת — זיבעטער, גייט נאָך —
ווערט אַזוי די גאַנצע וואָך.

# בין השמשות ביים ים

ווי שיין עס איז צו קוקן
ביים לעצטן זונענשטראַל,
ווי ס׳קנייטשט דער ים זיין רוקן
און פורעמט וואַל נאָך וואַל.

וואָס ברומט דער גרויסער זקן?
וואָס שוידערט ער אַצינד?
צי האָט ער זיך דערשראָקן
פאַר קילן אָוונט־ווינט?

צי זיין געלעגער איז אים
געוואָרן ענג און קליין —
שרומפּט איין דער ים דער ריז זיך,
צו קענען שלאָפן גיין?

# נאַכטגעזאַנג

ווי עס ווערט נאָר אָוונט,
ס'ווערט נאָר פינצטער, גלייך
קומט זי, די לבנה,
באָדן זיך אין טייך.

פינקלענדיקע שטערן,
קליינע, אָן אַ שיעור,
קומען אויך צום וואַסער
באָדן זיך מיט איר.

נאָכדעם — קלאָר און לויטער,
איבער שטאָט און פליין,
לייכטן זיי און שמייכלען,
שטראַלן העל און ריין.

# פרילינג

— ווערזשע זינגט עס,
ווערזשע קלינגט עס
אין די וועלדער פריש און גרין?
— פייגל זינגען
און עס קלינגען
בלומען־גלאָקן: דין! דין! דין!

— וואָסזשע קנאַלט עס,
וואָסזשע שאַלט עס:
דזין־דזין־באָם! און דזין־דזין־בום!?
— ס׳פּלאַצן, קנאַלן
קנאָספּן, ס׳פאַלן
שטראַלן גילדערנע אַרום.

— ווערזשע ווייט זיך
טאַנצט און פרייט זיך
אין דער העלער מאָרגן־שעה?
ווינטל לינדער
טאַנצט מיט קינדער:
— פרילינג, פרילינג איז שוין דאָ!



# בלומען־גלאָקן

אין אַ ווינקל, אינעם גאָרטן,
צווישן גראָזן, דופט און טוי,
וואַקסן בלומען־גלאָקן, דאָרטן,
רויט און געל, און ווייס, און בלוי.

יעדן פרי, ווען ס׳בליכן שטערן
און דער מזרח העלט אין ראָז —
קען מען זייער קלינגען הערן
אויף די בייטן, אינעם גראָז.

לייכטע הוידן זיי זיך, וויגן
אינעם ווינטעלע וואָס ווייט,
שפּילן אויף אַ וואונדער־ניגון
פול מיט זוניקייט און פרייד.

און זיי וועקן מיטן קלינגען
פונעם דרימל, בלום נאָך בלום,
אַלע בונטע שמעטערלינגען
און די בינען פון אַרום.

# אַ פאַרביק פלאַטערל

(קרייזשפּיל)

עס פליט אַ פאַרביק פלאַטערל
אין גערטעלע אַריין;
עס שפּילט דאָס פאַרביק פלאַטערל
און טאַנצט אין זונענשיין,
און טאַנצט אין זונענשיין.

עס דרייט זיך פאַרביק פלאַטערל
אין ראָד, אַרום, אַרום;
עס פליט דאָס פאַרביק פלאַטערל
פון בלימעלע צו בלום,
פון בלימעלע צו בלום.

עס זעצט זיך פאַרביק פלאַטערל
אַנידער אויף אַ בלאַט;
איצט רוט דאָס פאַרביק פלאַטערל,
ווייל ס'איז שוין מיד און מאַט,
ווייל ס'איז שוין מיד און מאַט.

# די קראַנקע רויז

עס קלינגען אויף מיט טריבן קלאַנג,
אין וואַלד, די בלומען־גלאָקן,
און ס׳טרעלט דאָס פייגלשע געזאַנג
מיט אומעט און דערשראָקן:

— די שיינע רויז איז קראַנק און בלייך,
פאַרשמאַכט פון גרויסע היצן,
זי קרעכצט מיט ווייי אין ווילדן שטרויך
און בעט, מע זאָל זי שיצן.

און ס׳איילט געשווינט, אין פלי, די בין
און קושט דער רויז די גלידער:
— .איך ברענג דיר וונדערשטויבן דין,
ס׳וועט דיך דערפרישן ווידער!

און גיך מיט טראָפּנס אין דער הויך
אַ וואָלקן קומט צושוועבן:
אָ, שיינע רויז אין ווילדן שטרויך,
נאַ, טרינק — און דו וועסט לעבן!

# רויטע פּאָמעראַנצן

צירע־מירע זעט אין גאָרטן
רויטע פּאָמעראַנצן,
צווישן פרישע, בלעטער גרינע,
ווי די זונען גלאַנצן.

— רייס אונדז! — ווינקען זיי און בעטן,
צייטיקע אין גאַנצן:
— צירע־מירע, קאָטינקעלע, —
רויטע פּאָמעראַנצן!

גיט זי ביימעלע אַ טרייסל —
פאַלן גלייך און טאַנצן,
צירע־מירען אין די הענטלעך,
רויטע פּאָמעראַנצן.

# דער בוים אין האַרבסט

וויינט דער בוים אין טויטן גערטל,
אונטער הימלען גרוי ווי רויך:
— ס'גיט קיין שטראַל מיך ניט קיין צערטל!
ס'קושט מיך ניט די זון פון הויך!

נאַקעט, הויל, גיט ער אַ ציטער
אין געוויטער און ער הוסט:
— ס'ברעכן זיך מיר גלידער, ריטער,
מיינע נעסטן בלייבן פּוסט!

ניט קיין פייגלשע געזאַנגען,
ניט קיין בלעטעלע צעגרינט,
טריבער האַרבסט האָט מיך געפאַנגען —
כ'וועלק אין רעגן און אין ווינט!

# דאָס פאַריתומט פייגעלע

טאַטע־מאַמע פייגעלעך
אַוועק זענען אין געסט,
איז דאָס קליינטשיק פייגעלע
געבליבן אין דער נעסט.

אַ יעגער האָט געפאַנגען
טאַטע־מאַמע אינעם וועג; —
וויינט דאָס קליינטשיק פייגעלע
אין ווייטיק און אין שרעק.

וויינט דאָס קליינטשיק פייגעלע:
— צפי־צפי! און טשיק־טשיריק!
טאַטעלע און מאַמעלע
זיי קומען ניט צוריק!

— ווערזשע וועט עס קערנער ברענגען?
— מוראַשקע פון וואַלד!
— ווערזשע וועט עס טרינקען געבן?
— טויעלע וואָס פאַלט!

— ווערזשע וועט עס וואַשן, צוואָגן?
— רעגנדל וואָס טריפט!
— און ווער וועט עס שיין פאַרשפּילן?
— פּלאַטערל צעשטיפט!

— ווערזשע וועט עס וואַרעמען?
— זונעלע צעהעלט!
— און ווער וועט עס וויגן, זינגען?
— ווינטעלע פון פעלד!

ביז דאָס קליינטשיק פייגעלע
וועט ווערן שטאַרק און גרויס,
און עס וועט אַליין שוין קענען
פון דער נעסט אַרויס.

# דאָס הונגעריקע שפּערל

עס רעגנט אין דרויסן,
ס'איז קאַלט און ס'איז נאַס.
אַ שפּערעלע ציטערט
אין מיטן דער גאַס.

עס שפּרינגט און עס היפּעט
אַהין און צוריק,
און צוויטשערט פאַרלוירן:
— טשיריק! און טשיריק!

עס זוכט און עס פלאַטערט
אַהין און אַהער —
עס וויל נעבעך עסן
און ס'קלאָגט אַזוי שווער:

— ווו נעמט מען אַ קערן,
אַ ברעקל, אַ פּיק,
אין קעלט און אין הונגער,
טשיריק! און טשיריק!

— קום שפּערעלע, ליבער,
איך עפן די טיר
און קרישעלעך שיט איך
אין דרויסן, פֿאַר דיר!

דאָס שפּערעלע פּיקט שוין
און צוויטשערט פֿאַר גליק
און דאַנקט ביי דעם עסן:
טשיריק! און טשיריק!

# פינגערשפּיל

די פינגערלעך פלעכטן נאָר צוזאַמען, אַזוי,
אַרויף און אַרונטער די מיטלסטע צוויי:
— אַ פייגעלע שטייט,
אַ פייגעלע גייט,
דאָס פייגעלע מאַכט זיך צום פליען שוין גרייט.

און איצטער, אָט הייבט זיך דאָס פייגעלע אויף,
און פלאַטערט, און פלאַטערט אַלץ העכער אַרויף:
— אַ פייגעלע פליט,
אַ פייגעלע פליט,
דאָס פייגעלע פייפט אין דער לופטן אַ ליד.

איז הונגעריק פייגעלע, קוקט עס און קלערט,
און לאָזט זיך אַרונטער, אין פלי, אויף דער ערד.
— אַ פייגעלע פּיקט,
אַ פייגעלע פּיקט,
אַ ברעקל, אַ קערנדל, ווו נאָר עס ליגט.

איז זאַט שוין דאָס פייגעלע, שפּרינגט עס אין פרייד,
באַוועגט מיט די פליגעלעך, דרייט זיך און דרייט.
— אַ פייגעלע גייט,
אַ פייגעלע שטייט.
איצט זעצט זיך דאָס פייגעלע, רוט שטילערהייט.

# צווישן בושלען

אויף איין פוס שטייט טאַטע בושל,
אין זיין מאַנטל ווייס און שוואַרץ,
ס'גיסט די בושעליכע־מאַמע
אויס פאַר אים איר ביטער האַרץ:

— זע נאָר אונדזער קינדל, נעבעך,
ווי עס ליגט אַזוי פֿאַרשמאַכט,
ניט עס פליט אַרויס שפּאַצירן,
ניט עס טאַנצט און ניט עס לאַכט.

ס'האָט אַ בייזע עין־הרע
אונדזער אוצרל פאַרשאַדט,
עס האָט, נעבעך, פון באַגינען,
אין זיין מויל נאָך ניט געהאַט.

כ'האָב צו פרישטיק, זיבן ווערעם
בלויז, פאַרקאָרמעט אים, ווי ס'איז,
און צו מיטיק אַ דריי פרעשלעך,
און פון שלענגל — בלויז איין ביס.

איצטער גיב איך אים אַ מייזל —
דרייט ער ס׳קעפּל: ניין און ניט!
ביסט אַ טאַטע — זאָג וואָס טוט מען
צו זיין שוואַכן אַפּעטיט?

טאַטע בושל שטייט פאַרמוטשט,
שטיל, עס הערט זיך ניט קיין שאָרך.
פּלוצלונג — גיט אַ קלאַפּ זיין שנאָבל:
— פלי זיך דורך צום דאָקטער שטאָרך,

ער, אַ ספּעציאַליסט צו קליינוואַרג,
איז דער גרעסטער אין דער וועלט,
וועט ער עפּעס שוין פאַרשרייבן,
דאָס וואָס אונדזער קינדל פעלט!

# די קינדערלעך שפּילן

די קינדערלעך שפּילן
אין הויף אַזוי פֿיין,
עס דרייען זיך מילן
ראָד אויס און ראָד איין.

און שטימעלעך — גלעקלעך,
זיי זינגען אַ ליד,
עס פֿלאַמען די בעקלעך
אין רויטן צעבליט.

די אייגעלעך גליען
צעפֿרייט און צעשטראַלט,
און פּיסעלעך קניען —
אַ גאַנצענער וואַלד.

עס פּאַטשן געשווינדער
און ס'טייטן אַלץ אָן
די הענטלעך, און קינדער
זיך בייטן אין קאָן.

געזאַנג און געווימל,
טראַ־לאַ! און טופּ־טאָפּ!
עס שמייכלט פון הימל
די זון זיי אַראָפּ.

דאָס קליינינקע הינטל
שפּרינגט נאָך מיט געביל.
אַ שטיפערישווינטל
פאַרדרייט זיך אין שפּיל.

און שפּערעלעך זינגען
זיי צו אַזוי פיין,
צום טאַקט פון די רינגען
ראָד אויס און ראָד איין.

# אויף דער הוידע

ווייג זיך הוידע,
שוועב און לויף,
באַלד אַראָפּ
און באַלד אַרויף.
יאָג, צעוויג זיך
מער און מער,
דאָ אַהין
און דאָ אַהער.

מישן זיך
אין אַ געשפּיז,
הימל בלוי
און גראָזן גריז.
יאָג, צעוויג זיך
מער און מער,
דאָ אַהין
און דאָ אַהער.

ביימער טאַנצן
אין גאַלאָפּ

אָט אַרויף
און אָט אַראָפּ.

יאָג, צעוויג זיך
מער און מער,
דאָ אַהין
און דאָ אַהער.

העכער! — אָטעם
אַוש פאַרפעלט.
ס'הוידעט זיך
די גאַנצע וועלט.

יאָג, צעוויג זיך
מער און מער,
דאָ אַהין
און דאָ אַהער.

# מאַרשליד

מיר זינגען און מיר שפּאַנען
אין שורה, אַלע גלייך;
אָט גייט מיט אונדז צוזאַמען
דער בלויער, שיינער טייך.

ער שמייכלט אַזוי פריילעך
און יאָגט אונדזערע טריט,
און ברומט מיט זיינע כוואַליעס
דעם קלאַנג פון אונדזער ליד.

מיר זינגען און מיר שפּאַנען,
און פריי קלינגט אונדזער רוף;
אָט זינגט מיט אונדז צוזאַמען
דער פויגל אין דער לופט.

ער שוועבט אין בלויע הויכן
און יאָגט אונדזערע טריט,
און פייפט מיט אונדז, אין איינעם,
דעם קלאַנג פון אונדזער ליד.

מיר זינגען און מיר שפּאַנען
אין שורה, קינד נאָך קינד;
אַט שוועבט מיט אונדז צוזאַמען
דער לייכטער, פרייער ווינט.

ער קומט פון ווייטע ווייטן
און יאָגט אונדזערע טריט,
און זינגט אַריין אין עכאָ
דעם קלאַנג פון אונדזער ליד.

מיר זינגען און מיר שפּאַנען
אין שורה, אַלע גלייך;
עס זינגט מיט אונדז דער פויגל
און ס'שטראָמט מיט אונדז דער טייך.

און אונדזער גאַנג איז פריילעך
און לייכטער פון דעם ווינט.
מיר זינגען און מיר שפּאַנען
אין שורה, קינד נאָך קינד.



# פויערים־שפּיל

סאָלאָ: — ווייזט נאָר ווי,
ווייזט נאָר ווי
שטייט דער פּויער אויף גאַנץ פריי?

אַלע: — אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
אַלע מאַכן עס געניי.

סאָלאָ: — אין א רייי
זיך געשטעלט! —
ווזשע אַקערט ער זיין פעלד?

אַלע: — אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
אַלע מאַכן עס געניי.

סאַלאַ: — אין אַ ראָד
זיך געדרייט!
ווייזט נאָר ווי דער פויער זייט?

אַלע: — אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
אַלע מאַכן עס געניי.

סאַלאַ: — לאַנגזאַם גייט,
טריט ביי טריט!
וויזשע שניידט ער אָפּ זיין שניט?

אַלע: — אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
אַלע מאַכן עס געניי.

סאַלאַ: — אויף די קני!
ווייזט נאָר ווי
מעלקט דער פויער אויס די קי?

אַלע: — אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
אַלע מאַכן עס געניי.

סאַלאַ: — איצטער שפּאַרט
אָן דעם קאָפּ! —
נאָך דער אַרבעט רוט מען אָפּ.

אַלע: — אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
אַלע מאַכן עס געניי.

# די קאָלאָניסטישע משפּחה

און מיין פּעטער האָט געאַקערט,
און מיין טאַטע האָט געזייט, —
ברענגט דער זיידע מעל צופירן
פון דער מיל, אַהיים, מיט פרייד.

און מיין מומע באַקט אין אויוון,
און מיין מאַמע גרייט צום טיש, —
עסן, עסן איצטער אַלע,
ברויטן ברוין און ברויטן פריש.

און מיין ברודער האָט געשניטן,
און מיין באָבע האָט געשפּינט, —
נייט מיין שוועסטער פונעם לייוונט
העמדלעך ווייס, פאַר יעדן קינד.

פלייסיק אַרבעט די משפּחה
פון דער פרי ביז זונפאַרגאַנג;
און עס איז מיט מזל־ברכה
פול די שטוב, און מיט געזאַנג.

# די וואַסערמיל

(קרייזשפּיל)

אין ראָד, אין ראָד זיך שיין געדרייט,
עס הייבט זיך אָן די שפּיל.
אָ, זעט ווי ס'גייט אַרום און גייט
דער מילנער אין זיין מיל.
דער מילנער אין זיין מיל.

און איצטער גייען אַלע גלייך
אַזוי, אין שורה לאַנג.
אָ, קוקט ווי פריילעך ס'גייט דער טייך,
זיין וויטן, שיינעם גאַנג.
זיין וויטן, שיינעם גאַנג.

אין קאַראַהאָד, אַריין אַרויס,
געשלאָסן האַנט אין האַנט.
אָ, זעט, עס דרייט זיך אַזוי גרויס
די מילראָד, נאָך אַנאַנד.
די מילראָד, נאָך אַנאַנד.

און איצט, אין גרויסן קאַראַהאָד —
אַ קלענערן געמאַכט.
אָ, זעט, די מילשטיינער, אין ראָד,
זיי גייען טאָג און נאַכט.
זיי גייען טאָג און נאַכט.

און טופּעט אַלע צו אין גאַנג,
ווי ס'קלאַפּט די וואַסערמיל,
און פּאַטשט צום טאַקט פון דעם געזאַנג.
מיר ענדיקן די שפּיל.
מיר ענדיקן די שפּיל.

## גייט אַ קליינטשיק ייִנגעלע

(קרייזשפּיל)

גייט אַ קליינטשיק ייִנגעלע
איבער וואַלד און פעלד,
גייט אַ קליינטשיק ייִנגעלע,
שמייכלט ער און קוועלט.

ווען ער באַגעגנט נאָר,
גריסט ער מיטן קאָפּ,
ווען ער באַגעגנט נאָר
יענעם שטעלט ער אָפּ.

טרעפט ער אָן אַ קיעלע,
רופט ער אוים צו איר:
— קיעלע, מיין קיעלע,
גיב נאָר מילך פאַר מיר!

הערט זי אויף, דאָס קיעלע,
גלייך צו עסן גראָז:
— נאַ דיר מילך, מיין ייִנגעלע,
טרינק אַ פולע גלאָז!

טרעפט ער אָן אַ שעפּסעלע,
זאָגט ער אויפן קול:
— שעפּסעלע, מיין שעפּסעלע,
גיב אַ ביסל וואָל!

שטעלט זיך אָפּ דאָס שעפּסעלע,
מעקעט עס אַרויס:
— נאַ דיר וואָל, מיין יינגעלע,
שטריק אַ סוועטער אויס!

טרעפט ער אָן אַ הינדעלע,
טוט ער אַ געשריי:
— הינדעלע, מיין הינדעלע,
לייג פֿאַר מיר אַן איי!

שטעלט זיך אָפּ דאָס הינדעלע,
קוואָקעט אויס מיט פרייד:
— נאַ אַן איי דיר, יינגעלע,
עס געזונטערהייט!

טרעפט ער אָן אַ פערדעלע,
זאָגט ער הויך און קלאָר:
— פערדעלע, מיין פערדעלע,
לאָז מיך טאָן אַ פֿאָר!

שטעלט זיך אָפּ דאָס פערדעלע:
— קום אויף מיר אַרויף!
לאָזט זיך רייטן יינגעלע
אינעם גיכן לויף.

# די הינער־משפּחה

אין דער מיט שפּאַנט טאַטע האָן,
לעם'דער מאַמע הינדל,
און אַרום די הינדעלעך —
ס'גאַנצענע געזינדל.
שפּרונג און לויף
אינעם הויף,
ס'גאַנצענע געזינדל.

זוכן זיי אַ קערענדל,
זוכן זיי אַ קרישל,
אַלע, אַלע הינדעלעך
שאַרן מיטן פּיסל.
פּי־פּי־קאָ!
דאָרט און דאָ,
שאַרן מיטן פּיסל.

— זוכט און עסט! זאָגט טאַטע האָן:
— איר זאָלט גרינג פאַרדייען!
אויב איר וועט זיך פירן גוט —
וועל איך פאַר אייך קרייען!
קו־קו־רי!
מאָרגן פרי
וועל איך פאַר אייך קרייען!



# אַ שלאַנג

אויף דער ערד ליגט אַ בענדל,
ליגט אַ בענדל שוואַרץ און לאַנג.
גייט פאַרביי אַ קליינטשיק הינדל
און זי מיינט, עס איז אַ שלאַנג.

לויפט זי גיך צו איר מאַמען
און זי ציטערט אַזש פון שרעק:
— מאַמע, זע, אַ שלאַנג אַ שוואַרצע,
וויל מיך כאַפּן פאַרן עק!

# קאַטשקע יענטע טאַנצט

גענדזלעך, גאָנערס און באַקענטע
קומען קוקן, גרויס און קליין,
ווי די גרינגע קאַטשקע יענטע
לאָזט זיך אין אַ טענצל גיין.

מיט די קורצע, געלע פיסלעך,
וואַקלט זי אַהין, אַהער,
נויגט איר קעפּל אַזוי זיסלעך
און זי סאָפּעט הויך און שווער.

מאַכט אַזאַ מין מאָדנעם דריידל
ביי איר זמר וואָס זי קוואַקט
און איר קורצן עקן־ווידל
וואַרפט זי, שאָקלט זי צום טאַקט.

שטייט דער קאַטשער, נחת קלייבט ער,
קוועלט אַ פריילעכער און רעדט:
— סאַראַ גראַציע ס'איז מיין ווייבל,
אין איר פרעכטיקן באַלעט.



# טאַנצליד

די זון אין הימל לאַכט און קוועלט
און אירע שטראַלן גלאַנצן; —
אַרויס צום טאַנץ אין גרינעם פעלד!
און זעט ווי שיין עס טאַנצן:
די בלימעלעך און קינדערלעך,
די שעפּסעלעך און רינדערלעך,
די פייגעלעך און הינדעלעך —
עס טאַנצט די וועלט אין גאַנצן.

# צוויי האָזן

(קרייזשפּיל, לויט ד—ן)

צווישן בערג און טיפן, טיפן טאָל,
שפּילן זיך צוויי האָזן,
שפּרינגען אין אַ ראָד אַרום, אַרום,
צופּן גרינע גראָזן.

אָנגעשפּרונגען און געגעסן זאַט —
רוען ביידע האָזן.
איז אַ יעגער אָנגעקומען דאָרט
און אויף זיי געשאָסן.

„אָרעמינקע העזלעך, נעבעך, צוויי, —
ליגן טויט אין גאַנצן.
מער וועט איר, אין ליכט און זונענשיין,
אינעם פעלד נישט טאַנצן!“

פּלוצלונג — כאַפּן זיי זיך, אַז די קויל
האָט זיי נישט געטראָפן, —
אויפגעשפּרונגען זענען זיי פון אָרט
און אויף גיך אַנטלאָפן.

# ס'וואַקסט מיין הינטל

ס'וואַקסט מיין הינטל, קיין עין הרע,
גרעסער ווערט פון צייט צו צייט,
אָבער ס'איז אַ גרויסע צרה —
ער איז גאָר שוין ניט קיין לייט.

פריער פלעגט ער זיין אַ שטילער,
אַלץ דערפילן וואָס איך זאָג;
איצט איז ער אַ גרויסער בילער,
שפרינגט און שטיפט אַ גאַנצן טאָג.

ווו איר ווילט איז ער אייך אויסן,
ניט ער פאָלגט און ניט ער הערט,
דאָ אין שטוב און דאָ אין דרויסן,
און ער טוט אַלצדינג פאַרקערט.

כ'גיב אים ברויט — וויל ער גאָר ביינער,
כ'גיב אים קוכן — וויל ער טאָרט;
און אַ טייוול איז ער איינער —
מאַכט אַן שאָדנס דאָ און דאָרט.

אָט האָט ער אַ שוך צעביסן,
באַץ! — דעם זייגער אויף דער ערד,
און מיין בוך האָט ער צעריסן
און דעם טינטער אויסגעקערט.

כ'האָב אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַסיק —
נאָר געגעבן אים קיין שלאָג.
כ'האָב אים ליב, נאָר — אוי, דער מזיק
וואַקסט מיט אים פון טאָג צו טאָג!

# דיר איז גוט, מיין הינטל־פינטל

דיר איז גוט, מיין הינטל־פינטל,
דו ביסט פריי די גאַנצע וואָך,
האָסט קיין שול ניט און קיין לעקציעס,
האָסט קיין סימן פון קיין יאָך!

טאַטע טרייבט מיך: — שרייב און לייען!
מאַמע זאָגט מיך: — לערן נאָך!
דיר איז גוט, מיין הינטל פינטל,
דו ביסט פריי די גאַנצע וואָך!

— אַרבעט פלייסיק! לערן מערער!
שרייט דער לערער, מאַכט מיך דול;
דיר איז גוט, מיין הינטל־פינטל,
האָסט קיין לעקציעס און קיין שול!

יעדער האָט צו מיר נאָר טענות:
— ביסט אַ פוילער! ביסט אַ קראָך!
דיר איז גוט, מיין הינטל־פינטל,
האָסט קיין סימן פון קיין יאָך!



# די לבנה און דאָס הינטל

קינד: — וואָסזשע לויפסטו, זאָג, לבנה,
וואָס פאַרטונקלסטו דיין שיין,
וואָס פאַרשטעקסטו זיך אין וואָלקנס?
דאָ אַרויס און דאָ אַריין?

לבנה: — אָ, מיין קינדל, איך האָב מורא,
איך באַהאַלט מיך און אַנטלויף!
זעסט ניט, אַז אַ הינטל יאָגט מיך
און ער בילט צו מיר אַרויף?

# האָב איך אַ פּאָר הענער

האָב איך אַ פּאָר הענער, הענער,
שלאָגט זיך דער און יענער.
אַך, קינדער, גוטע קינדער,
כ'פאָלג אייך אַלץ וואָס איר וועט זאָגן,
אַז די הענער, מיינע הענער,
זאָלן זיך ניט שלאָגן.

האָב איך אַ פּאָר ציגן, ציגן,
קריגן זיי זיך, קריגן.
אַך, קינדער, גוטע קינדער,
איר מוזט זיי אַן עצה געבן
אָט די ציגן, מיינע ציגן,
חבריש צו לעבן.

האָב איך אַ פּאָר האָזן, האָזן,
שפּרינגען זיי צעלאָזן.
אַך, קינדער, גוטע קינדער,
זאָגט אַ קלוגע זאַך, ס'זאָל פּאַסן,
אַז די האָזן, מיינע האָזן,
זאָלן זיין געלאַסן.

און אויך מיין פּאָר בערן, בערן,
קערן וועלטן, שטערן.
אַך, קינדער, גוטע קינדער
כ'וועל אייך פאָלגן אַלץ און הערן,
אַז די בערן, מיינע בערן,
זאָלן רויק ווערן!



# קויפט אַ באַראַן!

— קויפט אַ באַראַן! קויפט אַ באַראַן!
כ'טראָג אים אויף דער פּלייצע.
אייער דרייער, גאָרנישט טייער,
קויפט און פאָלגט מיין עצה!

— קויפט אַ באַראַן! קויפט אַ באַראַן!
כ'שטיי לעם אייך, דערנעבן!
— עקעד, מקח, האַניקלעקעד,
וועל איך פאַר אים געבן!

— קויפט אַ באַראַן! קויפט אַ באַראַן! —
כ'וועל אים ניט פאַרקויפן!
— פּאַטשל־פּעטשל מיט אַ לעטשל!
— כ'וועל מיט אים אַנטלויפן!

# טאַנצן מיר און זינגען מיר

(קרייזשפּיל)

הענער, הענער
זענען מיר,
קרייען טענער
קענען מיר,
אַלע, אַלע איצט אין איינעם
ווייזן מיר אַזוי.
פּיקן קערנער דאַרפן מיר
און דעם שנאָבל שאַרפן מיר.
אַלע אין אַ ראָד אַ שיינעם
שפּרייזן מיר אַזוי.

האָזן, האָזן
זענען מיר,
צופּן גראָזן
קענען מיר,
אַלע, אַלע איצט אין איינעם
ווייזן מיר אַזוי.
און דערנאָך וואָס טוען מיר? —

שפּרינגען מיר און רוען מיר.
אַלע אין אַ ראָד אַ שיינעם
שפּרייזן מיר אַזוי.

קינדער קליינע
זענען מיר,
לידער שיינע
קענען מיר,
אַלע, אַלע איצט אין איינעם
ווייזן מיר אַזוי.
טאַנצן מיר און שפּרינגען מיר,
שפּרינגען מיר און זינגען מיר.
אַלע אין אַ ראָד אַ שיינעם
שפּרייזן מיר אַזוי.

# דעם זשיראַפס קראַנקער האַלדז

דער זשיראַף, אין ווינט און רעגן,
האָט צו פיל שפּאַצירט אין דרויסן,
און האָט צוגעקילט, געפערלעך,
זיין גאָר לאַנגן האַלדז, דעם גרויסן.

טומלען אַלע מאַלפּעס: — נעבעך,
ניט געהיט זיך פאַרן וועטער!
ברענגען זיי אים, פול רחמנות,
גיך, אַ טוך פון הונדערט מעטער.

קריכן זיי אויף אים און דראַפּען
זיך פון פאָרנט און פון הינטן,
וויקלען זיי דעם טוך און ווילן
אים דעם קראַנקן האַלדז פאַרבינדן.

נאָר אומזיסט איז זייער אַרבעט,
ס׳וועט ניט העלפן קיין שום מיטל:
— ס׳קלעקט דער טוך קוים צו פאַרבינדן
פון זיין לאַנגן האַלדז — אַ דריטל.

# לאָמיר שפּילן

לאָמיר שפּילן, לאָמיר שפּילן,
זיצט נאָר אַלע קינדער שטיל,
לאָמיר שפּילן בעלי־חיים, —
איך וועל אָנפירן די שפּיל:

— בערל, בערל, קום נאָר בערל,
קריך נאָר ווי אויף לאַפּעס, שווער,
מרוקע אונטער, נאַש דעם האָניק —
וועסטו זיין אַ ברוינער בער.

לייבל, טו אַ בריל אַ שטאַרקן,
גיב אַ שפּרונג און זיך אַ הויב, —
ווערסטו באַלד אַ לייב אַ ווילדער,
וואָס פאַרצוקן וויל זיין רויב.

לעמל, שטיי און צופּ די גראָזן,
ביסט אַ לעמעלע און זע:
ס׳שפּילט דער פּאַסטעך אויף זיין פייפל,
טאַנץ און מעקע: — מע! מע! מע!

װעלװל, טו אַ בליץ די אויגן
און אַ קריץ די צײנער באַלד,
לאָז זיך צו דער סטאַדע שעפּסן —
װעסטו זײן דער װאָלף פון װאַלד.

און דו, הירשל, הענט און פינגער
אויפן קאָפּ צעשפּרײט, צעשטעלט
װי די הערנער, לויף געשװינטער,
ביסט דער פלינקער הירש פון פעלד.

פישל, לאָז אַװעק זיך שװימען
אין אַ רעדל און אויך גלײך,
מיט די פלוספעדערן רודער —
װעסטו זײן אַ פיש אין טײך.

טײבל, װאָרקע, — אין דער לופטן
גיב זיך לײכט אַזױ אַ צי,
מיט די הענטלעך פאָך װי פליגל,
ביסט אַ שטילע טויב אין פלי.

הינדל, שאַר די ערד און קװאָקע,
פּיק אַ קערנדל, אַ קריש,
װעסטו זײן אַ הון װאָס לײגט אונדז
װײסע אײער גוט און פריש.

איצטער, חיהלע, — וואָס שפּילסטו?
בנאמנות, כ׳ווייס ניט, ניין,
קענסט זיך אויסקלייבן אַ חיה
וועלכע נאָר דו ווילסט אַליין!

און דו, פייגעלע, דו אויכעט,
כ׳קען ניט וויסן וואָס דו שפּילסט,
ווייל אויך דו קענסט טאַקע ווערן
וועלכער פויגל נאָר דו ווילסט.

# דער שנעק

(נאָך ד״ן)

אָ, ווי לאַנגזאַם, אָ, ווי לאַנגזאַם,
קריכט אין גראָז דער קליינער שנעק.
גאַנצע זיבן טעג געדויערט
פון איין ברעג צום צווייטן ברעג.

אָ, ווי לאַנגזאַם, אָ, ווי לאַנגזאַם,
קריכט און קריכט ער זיך אין וועג.
— אָט אַזוי וואָלט איך געלאָפן
ווען איך וואָלט געווען אַ שנעק!



# אַ באָד

אַלע, אין דעם קינדער־צימער,
שטייען איצטער אין אַ ראָד,
און דער מיט שפּאַצירט דער העלפאַנט,
מאַכט זיי אַלעמען אַ באָד.

מיט זיין לאַנגער נאָז, דער גרויסער,
צוואָגט ער זיי און באָדט ער זיי,
שפּריצט ער וואַסער, גיסט ער וואַסער
אויף אַ יעדן, לויט דער ריי:

אויף דער ליאַלקע, אויף דער קאַטשקע,
אויפן פערדל, אויפן האָז,
שפּריצט ער וואַסער, גיסט ער וואַסער,
מיט זיין לאַנגער, גרויסער נאָז.

און אויף מיקי־מויז, אויף באַמביז,
אויפן בערעלע פון פּליוש,
שפּריצט ער וואַסער, גיסט ער וואַסער —
מאַכט זיי אַלעמען אַ טוש.

# שפּאַנט אַ ניגון

שפּאַנט אַ ניגון, מונטער,
פריילעך, פול מיט חן,
כאַפּט אים יעדער אונטער,
זינגט אים גרויס און קליין:

טאַטע אין זיין חדר,
מאַמע אין דער קיך,
שניידער ביי די קליידער,
שוסטער ביי די שיך.

פויער אין זיין שייער,
בעקער ביים געבעק,
שמיד ביים קוזניע־פייער,
סטאָלער ביי דער זעג.

וועבער ביי די שטולן,
מאַטאַרמאַן ביים פּאָר,
קינדער אין די שולן
זינגען אים אין כאָר.

שפּילן אויף דעם זמר,
קלעזמער, פול מיט פרייד.
פאַסטעך ביי די לעמער
פייפט אים אויף זיין פלייט.

שפּאַנט דער ניגון מונטער,
וואַנדערט אין זיין גאַנג,
כאַפּן אַלע אונטער
פריילעך זיין געזאַנג.

# גיי איך מיר אַרום, אַרום

(קרייזשפּיל)

קינד: — גיי איך מיר אַרום, אַרום,
וואַנדער איך אויף אַלע וועגן,
קום איך אויפן ברייטן שליאַך —
זיצט אַ שוסטער מיר אַנטקעגן.

— שוסטער ליבער, שוסטער מיין,
אַרבעטסט פלייסיק, אַ מחיה,
נעמזשע גיכער, ניי מיר אויף
אַ פּאָר שיכלעך, גאַנצע, נייע!

שוסטער: — אָט אַזוי
גיך, גיך,
האָסטו פּאַרטיק
נייע שיך!



אַלע: — נישט אומזיסט
האָסטו געזוכט, —
זע ווי פיין
דו ביסט באַשוכט!

קינד: — גיי איך מיר אַרום, אַרום,
וואַנדער איך אויף אַלע וועגן,
קום איך אויפן ברייטן שליאַך —
זיצט אַ שניידער מיר אַנטקעגן.

— שניידער ליבער, שניידער מיין,
נייסט אַזוינע פיינע זאַכן,
זע, מיין בגד איז צעפּליקט,
דאַרפסטו מיר אַ נייעם מאַכן!



שניידער: — אָט אַזוי
גיך גענייט —
האָסטו פאַרטיק
שוין אַ קלייד!

אַלע: — האָסט זיך ניט
אומזיסט געדרייט, —
זע ווי שיין
דו ביסט באַקליידט!

קינד: — גיי איך מיר אַרום, אַרום,
וואַנדער איך אויף אַלע וועגן,
קום איך אויפן ברייטן שליאַך —
זיצט אַ קלעזמער מיר אַנטקעגן.

— קלעזמער ליבער, קלעזמער מיין,
שפּיל מיר אויף אַ שיינעם ניגון,
כ׳וויל מיט נייע שיך און קלייד
גיין אַ טאַנץ פון פאַרגעניגן!



קלעזמער: — אָט אַזוי
מיט ברען און גלאַנץ
שפּיל איך אויף
פאַר דיר אַ טאַנץ!

אַלע: — קלעזמער שפּילט —
אַריין אין ראָד!
טאַנצן מיר
אין קאַראַהאָד.

# לעמעך

לעמעך וויל אַ סטאָלער ווערן —
ווערט דער הובל קאַליע.
וויל ער זיין אַ קאָמענקערער —
קריגט ער באַלד אַ סמאַליע.

לעמעך וויל אַ וועבער ווערן —
און די גאַרן רייסט ער.
הייבט ער אָן נאָר עפּעס מאַכן —
טרייבט אים דורך דער מייסטער

לעמעך, לעמעך, טראַכט אַריין,
זאָגזשע וואָס וועט פון דיר זיין?

לעמעך וויל אַ שמידער ווערן —
לעשן זיך די קוילן.
וויל ער גאָר שוין זיין אַ שוסטער —
ברעכט ער אַלע זוילן.

לעמעך וויל אַ שניידער ווערן —
ניט איין שטאָך באַווייזט ער.
הייבט ער אָן נאָר עפּעס מאַכן —
טרייבט אים דורך דער מייסטער.

לעמעך, לעמעך, טראַכט אַריין,
זאָגזשע וואָס וועט פון דיר זיין?

אַליץ האָט לעמעך אָנגעהויבן —
קיין זאַך ניט געענדיקט,
בלייבן וועט ער שוין אַ ווייסטער
קאַליקע, אויף שטענדיק.

איז ער פויל און שטאַרק צעקראָכן,
קיינמאָל ניט קיין דרייסטער;
הייבט ער אָן נאָר עפּעס מאַכן —
טרייבט אים דורך דער מייסטער.

לעמעך, לעמעך, טראַכט אַריין,
זאָגזשע וואָס וועט פון דיר זיין?

# פאַרבנשפּיל

— טוק־טוק! טוק־טוק!
נו, עפנט גיך!
— ווער קלאַפּט אין אונדזער טיר?
— דער פאַרבער בין איך,
פאַרב דאַרף איך!
— פון וואָס פאַר אַ קאָליר?

— זאָל (גרין) אַרויס!
זאָל (גרין) אַרויס!
דער פאַרב געפעלט מיר שטאַרק.
איך פאַרב מיט אים
דאָס שטיבל אויס
וואָס שטייט אין מיטן מאַרק.

# בערעלע אַוויאַטאָר

ווערט נאָר בערעלע אַנטשלאָפֿן —
ווערט זיין בעט אַן עראָפּלאַן,
פֿליט ער איבער שטעט און לענדער,
איבער בערג און אָקעאַן.

זיצט ער אַזוי שטאָלץ ביים רודער,
דרייט און קירעוועט געשווינט,
הערט דאָס רוישן פֿון פּראָפּעלער
און דאָס פייפן פֿונעם ווינט.

איבער שטעט, ווי נאָר ער ווייזט זיך,
ווערט אַ טומל, אַ יאַריד,
קינדער לויפן אָן און טייטלען:
בערעלע אַוויאַטאָר פֿליט!

שמייכלט בערעלע צופֿרידן
ווען ער הערט זייער געשריי,
קערט זיך קאָזשלקעס אין הימל,
ווייזט זיי קונצן אַלערליי.

אָבער היינט האָט זיך געטראָפן
גאָר אַ מוראדיקע זאַך:
דער אַוויאָן האָט זיך צעוואַקלט
און גענומען פליען שוואַך.

— דער מאָטאָר האָט זיך צעבראָכן!
גליווערט בערעלען דאָס בלוט.
שטאַרקט ער זיך מיט אַלע כוחות,
גיט אַ כאַפּ זיין פּאַראַשוט,

שליסט דערשראָקן צו די אויגן,
און ער טוט אַ שפּרונג — האָ־האָפּ!!
מיט זיין פּאַלשירעם צעעפנט
לאָזט ער זיך אַראָפּ, אַראָפּ.

טראַך!!! — און בערעלע אַוויאַטאָר
רייבט די אויגן: — וואָס איז דאָס?
אויפן דיל ליגט ער, לעם בעט גאָר,
מיט אַ שטאַרק צעקלאַפּטער נאָז.



# דער טראַפיק־פּאָליציאַנט און די קאָטשן

(קרייזשפּיל)

טראַפיק־פּאָליציאַנט: — איך בין דער טראַפיק־פּאָליציאַנט,
כ'שטיי אין דער מיט פון קרייז,
איך האַלט אַ שטעקל אין דער האַנט,
באַוועג מיט אים און ווייז:
— רעכטס! לינקס!
אַהין! אַהער!
רעגוליר איך
דעם פאַרקער.

קאַטשן: — מיר פאָרן, מיר פאָרן,
דער אַהער און דער אַהין,
עס רוישן די מאָטאָרן
און טרייבן די מאַשין.

טראַפיק־פּאָליציאַנט: — איך בין דער טראַפיק־פּאָליציאַנט,
כ׳שטיי אין דער מיט פון קרייז,
איך האַלט אַ שטעקל אין דער האַנט,
באַוועג מיט אים און ווייז:
— לאַנגזאַם פאָרט!
איך באַפעל!
קיינער טאָר ניט
פאָרן שנעל!

קאַטשן: — פּאַמעלעך, פּאַמעלעך,
די באַוועגונג איז דאָ גרויס,
מע טאָר ניט פאָרן שנעלער,
גאַס איין און גאַס אַרויס.

טראַפיק־פּאָליציאַנט: — איך בין דער טראַפיק־פּאָליציאַנט,
כ׳שטיי אין דער מיט פון קרייז,
איך האַלט אַ שטעקל אין דער האַנט,
באַוועג מיט אים און ווייז:
— ס׳גייט אַ קינד —
שטעלט זיך אָפּ!
לאָזט די גאַס
אים קרייצן — סטאָפּ!

קאַטשן: — מיר שטייען, מיר שטייען,
פאַרהאַלטן זיך אין פאָר,

ווען קליינע קינדער גייען —
בלייבט שטיין יעדער מאָטאָר.

טראַפיק־פּאָליציאַנט: — איך בין דער טראַפּיק־פּאָליציאַנט,
כ׳שטיי אין דער מיט פון קרייז,
איך האַלט אַ שטעקל אין דער האַנט,
באַוועג מיט אים און ווייז:
— פריי, פריי
יעדער וועג —
לאָזט די קאָטשן
אין געיעג!

קאַטשן: — מיר יאָגן, מיר פאָרן,
דער אַהער און דער אַהין,
עס רוישן די מאָטאָרן
און טרייבן די מאַשין.



# די קאַרוסעל

(קרײַזשפּיל)

אַלע: — די קאַרוסעל וואַרט, קינדער,
נו, גיכער, ניט געקלערט:
די מיידלעך — אין די קאַטשן,
די ייִנגלעך — אויף די פערד.

סאָלאָ: — איך שטיי אַט דאָ אין מיטן
און רימפּל הויך און קוועל:
איך דריי די קאַטערינקע —
און ס'פאָרט די קאַרוסעל.

אַלע: — מיר פאָרן און מיר רייטן
אין קאָטשן און אויף פערד,
עס פאָרט מיט אונדז דער הימל,
עס דרייט זיך מיט די ערד.

סאָלאָ: — איך הייב אָן דרייען גיכער,
פאַרשנעלער אויך מיין ליד,
עס דרייט זיך ווי אַ וויכער
די קאַרוסעל און פליט.

אַלע: — די קאַרוסעל, אוי, מאַמע,
ווי גיך זי איז אַוועק!
עס שווינדלט אין די אויגן,
עס כאַפּט אַזש אָן אַ שרעק.

סאָלאָ: — נו, וואָס, צופרידן? קינדער,
אייך דרייט זיך שוין דער קאָפּ?
די קאַרוסעל גייט לאַנגזאַם —
איך שטעל זי טאַקע אָפּ!

אַלע: — די קאַרוסעל זי שטייט שוין,
די שפּיל האָט אויפגעהערט.
אַרויס פון אַלע קאָטשן!
אַרונטער פון די פערד!

# דער בלינדער זינגער



שטייט אין ראָג דער בלינדער זינגער
צווישן קינדער, אויפן ברוק.
גלעט די זון מיט שטראַלן־פינגער
זיין פאַרשטאַרטן, טויטן קוק.

שמייכלט טרויעריק דער בלינדער,
שטרעקט צום הימל זיין געזיכט:
כ׳פיל די העלקייט, ליבע קינדער —
נאָר פאַרלאָשן איז מיין ליכט!

שטייען קינדער אַרום בלינדן
מיט רחמנות און מיט פיין:
— ליבע זון, ווילסט ווידער צינדן
אים זיין אויג מיט ליכט און שיין?

קוקן אומגעדולדיק קינדער
און זיי וואַרטן אויף אַ נס.
נאָר ער זינגט: — אוי, אוי, אַ בלינדער,
איז געגליכן צו אַ מת!

# גיי אַליין!

— ברענג מיר שרהלע, דערלאַנג!
פאָלגט מיר שרהלע אַ גאַנג!

— כ׳בין פאַרנומען, כ׳קען ניט גיין,
מאַמע, מאַמע, גיי אַליין!

— העלף מיר שרהלע אין קיך,
קויף אַ ליטער מילך מיר, גיך!

— זאָגסט דאָך מאַמע, אַז כ׳בין קליין —
טו אַליין און גיי אַליין!

— שטיי אויף שרהלע פון בעט,
גיי אין שול, מיין קינד, ס׳איז שפעט!

ס׳גלוסט זיך מיר ניט אויפשטיין, ניין,
כ׳וויל ניט לערנען — גיי אַליין!

— מאַמע, טשאַרלי טשאַפּלין שפּילט,
קום אין קינאָ זען דאָס בילד!

— עס געפעלט מיר! זייער שיין!
איצטער, קינד, — גיי איך אַליין!



# טשאַרלי טשאַפּלין

טשאַרלי טשאַפּלין, טשאַרלי טשאַפּלין,
מע דערקענט דיך שוין פון ווייטן,
מיט דיין גענגעלע און צאַפּלען,
פּיס — צעקרימט אין ביידע זייטן.
וואָנצלעך שוואַרצע,
שטעקל, טשאָפּ!
שליאַפּע האַרטע
אויפן קאָפּ.

טשאַרלי טשאַפּלין, טשאַרלי טשאַפּלין,
ביסט טאַקע אַ לײב אַן עכטער,
פינטלסטו מיט די שוואַרצאַפּלען —
קײכן אַלע פּאַר געלעכטער.
וואַנצלעך שוואַרצע,
שטעקל, טשאָפּ!
שליאַפּע האַרטע
אויפן קאָפּ.

טשאַרלי טשאַפּלין, טשאַרלי טשאַפּלין,
ביסט שלימזלדיק, צעקראָכן,
שטײגסטו װען אויף לײטער־שטאַפּלען —
װערן אַלע אײנגעבראָכן.
וואַנצלעך שוואַרצע,
שטעקל, טשאָפּ!
שליאַפּע האַרטע
אויפן קאָפּ.

טשאַרלי טשאַפּלין, טשאַרלי טשאַפּלין,
ביסט אַ גרויסער קינאָ־שטערן,
דײַנע שטיק און דײַנע צאַפּלען —
װעקן לאַכן, רופן טרערן.
וואַנצלעך שוואַרצע,
שטעקל, טשאָפּ!
שליאַפּע האַרטע
אויפן קאָפּ.

# מאַסקעס

וואָס? איר ווילט מיך ריכטיק קענען?
קוקט אַהער, און קוקט אַהין,
אַז מיין אויסזען איז גאָר אַנדערש —
כ׳בין נישט קיינמאָל וואָס איך בין.

איך טו אָפּ די ערגסטע זאַכן
הינטער פּלייצעס, כ׳בין אַ סם,
אָבער קיינער קען מיך פּאַקן —
כ׳מאַך אַ פּנים פון אַ תם.

ביז איך פּועל ביי דער מאַמען
קריגן עפּעס וואָס איך וויל —
קרים איך זיך און וויין, און נאָך דעם
לאַך איך אויס זיך אין דער שטיל.

אָט, איר טראַכט, איך בין אַ דרייסטער
און דער שטאַרקסטער אין דער וועלט?
ניין, כ׳בין שרעקעדיק, צעקראָכן,
מיט אַ מאַסקע פון אַ העלד.

# בעזעם־טאַנץ

קוקט נאָר אָן מיט וויפל חן
הייבט דער בעזעם אָן צו גיין,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
הייבט דער בעזעם אָן צו גיין.

ביז ער קומט אָן אין דער מיט —
שפּאַנט ער לאַנגזאַם, טריט ביי טריט,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
שפּאַנט ער לאַנגזאַם, טריט ביי טריט.

איצטער גיט ער זיך אַ וויג,
דאָ אַהין און דאָ צוריק,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
דאָ אַהין און דאָ צוריק.

מיט אַ דריי און מיט אַ קער
טאַנצט ער גיך אַהין, אַהער,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
טאַנצט ער גיך אַהין, אַהער.

איצט פּאַמעלעכער אין וועג
טאַנצט ער, שפּרינגט ער ביז צום עק,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
טאַנצט ער, שפּרינגט ער ביז צום עק.

שפּאַרט אין ווינקל אָן זיין קאָפּ
און דער בעזעם רוט זיך אָפּ,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי,
און דער בעזעם רוט זיך אָפּ.

# די באָבע יאַכנע

(קרייזשפּיל)

באָבע יאַכנע: — אַלע באָבעס זענען גוטע
אויף דער גאַנצער, גאַנצער וועלט;
ס'איז נישטאָ קיין באָבע יאַכנע —
כ'האָב זיך נאָר אַזוי פאַרשטעלט.

אַלע: — ס'גייט די באָבע יאַכנע,
קליין און גרוי און גרייז,
מיט אַ טאָרבע, מיט אַ שטעקן,
אין דער מיט פון קרייז.
אָט אַזוי,
טשיפּע! טשאָפּע!
אין דער מיט פון קרייז.

באָבע יאַכנע: — אַלע באָבעס זענען גוטע
אויף דער גאַנצער, גאַנצער וועלט;
ס'איז נישטאָ קיין באָבע יאַכנע —
כ'האָב זיך נאָר אַזוי פאַרשטעלט.

אלע: — נעמט זי שמעקן טאַבאַק
מיט איר לאַנגער נאָז,
און פאַרקרימט איר מיאוסן פּנים,
גיט אַ שטאַרקן נאָס.
אָט אַזוי,
האַפּטשי! האַפּטשי!
גיט אַ שטאַרקן נאָס.

באָבע יאַכנע: — אַלע באָבעס זענען גוטע
אויף דער גאַנצער, גאַנצער וועלט;
ס'איז נישטאָ קיין באָבע יאַכנע —
כ'האָב זיך נאָר אַזוי פאַרשטעלט.

אלע: — וויל זי וועמען פּאַקן —
לויפן מיר געשווינט.
כאַפּט זי — גלייך אַ באָבע יאַכנע
ווערט פון יענעם קינד.
אָט אַזוי,
אַ באָבע יאַכנע
ווערט פון יענעם קינד.

באָבע יאַכנע: — אַלע באָבעס זענען גוטע
אויף דער גאַנצער, גאַנצער וועלט;
ס'איז נישטאָ קיין באָבע יאַכנע —
כ'האָב זיך נאָר אַזוי פאַרשטעלט.



# אוי, ווי גוט ס'איז טאַטע־מאַמע

אוי, ווי גוט ס'איז טאַטע־מאַמע:
קינער, קיינער קען זיי צווינגען
אַלצדינג ביי דעם טיש צו פאָלגן,
זופּ צו עסן, מילך צו טרינקען.

קיינער קען זיי קיינמאָל נויטן
דאָס ניט רירן, יענץ ניט מאַכן,
און זיי קענען נעמען, נאַשן,
פיל זיי ווילן, גוטע זאַכן.

איך נאָר קאָן ניט מאַכן גאָרניט,
רק איך מעג ניט, רק איך טאָר ניט.
מילך און זופּ — עס כאַפּט אַן עקל!
און קיין צוקערל — קיין ברעקל.

אוי, ווי גוט ס'איז טאַטע־מאַמע:
קיינער נויט זיי ווי זיך פירן.
ווען זיי ווילן, וווּ זיי ווילן
קענען זיי זיך גיין שפּאַצירן.

ניט קיין לעקציעס, ניט קיין שולן,
ניט קיין שעה מוזיק צו שפּילן,
קענען זיצן און פאַרברענגען
מיט די געסט, ווי שפּעט זיי ווילן.

איך נאָר קען ניט מאַכן גאָרניט,
רק איך מעג ניט, רק איך טאָר ניט.
שולן, לעקציעס — ווי דער שטייגער,
און גיין שלאָפן ניין אַ זייגער.

# די פּען

דוכט זיך אַזוי שטיל און רויק,
אַזאַ נעבעכדיקע פּען, —
וואָלט איך אָבער זען און וויסן
וואָס זי שאַפט און וואָס זי קען:

מעשיות, לידער, קאָמפּאָזיציעס,
שיינע בילדער און מוזיק.
ס׳קען די פּען באַווייזן וווּנדער,
ס׳איז מיט איר גאָר אַן אַנטיק.

כ׳דאַרף נאָר עפּעס וואָס פאַרטראַכטן,
צי ס׳פאַרגיט דער לערער מיר, —
נעם איך גלייך די פּען אין האַנט נאָר
און איך ברענג זי צום פּאַפּיר,

הייבט זי אָן זיך צו באַוועגן
און עס ווערט אַלץ גלייך געמאַכט,
וואָס מע האָט מיר נאָר פאַרגעבן,
אָדער וואָס איך האָב פאַרטראַכט.

ווידער ליגט די פּען זיך רויק.
קוק איך צום פּאַפּיר און גאַפ:
סאַראַ שיינע קאָמפּאָזיציע!
סאַראַ װוּנדערבאַרער כתב!



# שלום עליכם

אַ פּשוטער, אַ פֿאָלקס־מענטש —
שלום־עליכמס שטריכן,
ווער´קען אָבער אַלס שרייבער
צו אים גאָר זיין געגליכן?

ס׳צעגייען זיינע מעשיות
מיט פרייד אין אַלע גלידער,
זיי נאָרוואָס דורכגעלייענט —
מע לייענט זיי שוין ווידער.

פון מאָטלען און פון קאָפּלען,
און „ראַבטשיק״, „מתושלח״,
„דאָס מעסערל״, „גזלנים״ —
סיי ערנסט און סיי פריילעך.

מיט האַרץ און מיט נשמה
האָט ער דאָס אַלץ געשריבן.
דער גרעסטער הומאָריסט
איז ער ביי אונדז פאַרבליבן.

מע לייענט און מע לאַכט
געשמאַק, ביי אַלע זאַכן,
ווייל — „לאַכן איז געזונט,
דאָקטוירים הייסן לאַכן!״

# שעמעריצי

(דאָס לידל — פאַר מאָטל פּייסי דעם חזנס)

הערט רבותי, הערט מיט קאָפּ
וווּנדערלעכע זאַכן:
שעמעריצי, ניסים־נים,
קען מ'יין ברודער מאַכן.

אַלי האָט אַ צייט געטאָן
רויטן פעפער רייבן
און אַ פּראָשעק זיך געמאַכט
מייז אַרויסצוטרייבן.

ביי דעם שוסטער בערע, וואָס
רימט זיך מיט די גבורות,
האָבן מ'יר פאַרטריבן גלייך
אַלע מייז און שטשורעס.

הערט זיך איין וואָס עס דערציילט
פעסיע אונדזער שכנה:
— שעמעריצי טרייבט די מייז,
ס'בלייבט פון זיי קיין איינע!

דאַנקען גאָט, דער פראָשעק איז
זייער פיין געראָטן.
נאָר ניט ווילנדיק, אוי וויי, —
כ'האָב דעם זאַק צעשאָטן.

מאַמע, אלי, ברכה און
משה, אַלע שכנים —
ס'ניסט אַרום די גאַנצע גאַס,
איך — מיט זיי אין איינעם.

# יאָסל, זײַ אַ ייִנגל!

יאָסל איז שוין ניט קיין ברעקל,
שיין און מיט אַ גאָלדן האַרץ;
נאָר די נעגל, אוי, די נעגל!
נעגל האָט ער גרויס און שוואַרץ.

מוז דאָך עפּעס וואָס פּאַסירן
ווען מע שטיפּט אַרום געשמאַק;
הייבט ער אָן צו דיסקוטירן —
טרעפן זיי צו יענעמס באַק.

טרעפן זיי צו איינעמס פּנים,
טרעפן זיי צום צווייטנס נאָז,
לאָזן גראַבן און סימנים
אָן אַ שיעור און אָן אַ מאָס.

— יאָסל, — מוסרט אים דער לערער —
שרייב און לערן אויס דעם זאַץ:
לאַנגע נעגל — מוז מען שערן!
זײַ אַ ייִנגל ניט קיין קאַץ!

# וואַקאַציע

עס זינגען אַלע גאַסן
און שיינען העל און ניי:
— שוין צוגעמאַכט די קלאַסן,
דאָס קליינוואַרג איז שוין פריי!

און יעדער פּאַרק, אַצינדער,
ער שמייכלט אָן אַ שיעור:
— צו מיר, איר ליבע קינדער,
איך לאַד אייך צום שפּאַציר!

און וואַלד און פעלד מיט בלומען
זיי פּוצן שיין זיך אויס:
— וואַקאַציע איז געקומען —
אַריין אין אונדזער שויס!

דער באַרג פון ווייטן רעדט ער
און שאָקלט גרין זיין קאָפּ:
— איך לאַד אייך איין צום קלעטער
אויף מיר, אַרויף, אַראָפּ!

מיט שטראַלן גאָלד באַשאָטן
צעפּליעסקעט זיך דער טייך:
— אָ, קינדער, קומט זיך באָדן!
אַ גוט וואַקאַציע אייך!



# מע קען ניט

— דאָ איז, מירעלע, אַ בלייער,
און דאָ פאַרבערלעך פאַראַן,
נאַ'דיר פון פּאַפּיר אַ זייטל,
צייכן אַן אויף דעם אַ באַן.

קוקט אַן מירעלע פאַרוואונדערט:
— לערערקע, מע קע ניט, ניין,
ווייל די באַן איז אַזאַ 'גרויסע
און דאָס בלעטל — אַזוי קליין!

# רותעלע איז קראַנק

פון העברעיש נאָך שולמית קלוגאי

דאָס קליידעלע ווייס זאָגט צום בלויען אין שראַנק:
— אַ וואָך שוין ווי רותעלע ליגט און איז קראַנק!
איין שיכל צום צווייטן רעדט שטיל מיט געוויין:
— אַ וואָך ווי מיר קענען שפּאַצירן ניט גיין!

— נו, קום! בעט דאָס מאַנטעלע שטיל און פּאַרטרויט,
און ס'ענטפערט דער שאַליק: — אין העלדזל נאָך רויט!
— זי הוסט נאָך און האָט נאָך אַ ביסעלע היץ!
רופט אָן זיך דאָס פלעשל רעצעפּט פון זיין זיץ.

— זי דאַרף נאָך אַ קאַפּעלע ליגן אין בעט!
פון אונטערן קישן דאָס נאָטיכל רעדט.
— ביז ווען וועט נאָך רותעלע ליגן דאָ קראַנק?
זאָגט דער טערמאָמעטער: — ניט לאַנג שוין! ניט לאַנג!

# וויין נישט אין די נעכט

שלאָף מיין קליינע ליאַלקע,
וויין נישט אין די נעכט,
אַלע זענען ברוגז —
זאָגן, דו ביסט שלעכט.

זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך,
שוויג שוין שטיל, אַ סוף! —
האָסט דעם גאַנצן צימער
אויפגעוועקט פון שלאָף.

מיינע שפּילצייג, אַלע,
קרעכצן: — ווי און אָך!
ס'לאַכט פון דיר מיין מאַלפּע,
קרימט דיר מיאוס נאָך.

און דער גראָבער העלפאַנט
ברומט אונטער דער נאָז:
— הערסט שוין אויף צו יענטשען,
לאָזט שוין שלאָפן, וואָס?

און דער בער ער מרוקעט:
— ווער אַנטשוויגן, שלאַק!
און די געלע קאַטשקע
גענעצט מיט אַ קוואַק.

קרימט זיך מיקי־מייזל:
— הערט נאָר אַ מין קלאָג!
וועקט זיך האָן פון גומי,
מיינט ער, אַז ס׳איז טאָג,

נאָר ער זעט: ס׳איז פינצטער —
שטייט ער ווי צעדרייט,
פאַטשט ער מיט די פליגל,
בלאָזט זיך אָן און קרייט.

און אויך איך, דיין קליינע
מאַמע, האָב דערוואַכט.
שלאָף מיין שיינע ליאַלקע,
וויין ניט אין דער נאַכט!



# פֿאַר דער ליאַלקע

(קרייזשפּיל, נאָך ד—ן)

וואַשן, וואַשן אַלע שיין,
וואַשן, וואַשן אַלע שיין,
זעט ווי ווייס און זויבער ס'ווערט
ווערן באַלד דער ליאַלקעס גרעט.

נייען, נייען אַלע שיין,
נייען, נייען אַלע שיין,
קליידלעך, העמדלעך פֿון געוואַנט,
פֿאַר מיין קינדל, מיין בריליאַנט.

שטריקן, שטריקן אַלע שיין,
שטריקן, שטריקן אַלע שיין,
ליאַלקעס זעקלעך קליין און פיין,
דאַרפן גאַנץ און נייע זיין.

קאָכן, קאָכן אַלע שיין,
קאָכן, קאָכן אַלע שיין,
קאַווע, טיי און שאָקאָלאַד,
טרינקען זאָל מיין קינדל זאַט.

רוען, רוען אַלע שיין,
רוען, רוען אַלע שיין,
אַלץ געמאַכט און גאָר געניט —
זענען איצט די הענטלעך מיד.



# אַ גוטן טאָג

אַ גוטן טאָג אייך, לערערקעס,
און אייך חברים קליינע,
אַהיים, אין שורה, גייען מיר,
מיט לידעלעך מיט שיינע.

אַ גוטן טאָג דיר, ליאַלקעלע,
און שפּילצייג אַלע סאָרטן.
ביז מאָרגן און אַ גוטן טאָג,
דעם גאַנצן קינדער־גאָרטן!

# אינהאַלט

# ביכער פון זעלבן מחבר:

## „פייגל אין דער לופטן“

(קינדער־לידער און קרייזשפילן)

מיט א ווארט פאַרויס פון מלך ראַוויטש. ארויסגעגעבן פון א געזעלשאפטלעכן קאמיטעט אין טוקומאן.

1939.

## „אַ לעבעדיקע וועלט“

(קינדער־לידער און קרייזשפילן)

ארויסגעגעבן פון קולטור־צענטער „ח. נ. ביאַליק“, אין ווילא קרעספאָ, בוענאָס איירעס.

1941.

## „הימל און ערד“

(קינדער־לידער און קרייזשפילן)

ארויסגעגעבן פון דעם לערער־קאָלעגיום פון דער „שלום־עליכם־שול — ביי דער „צווישאָ“ אין בוענאָס איירעס.

1944.

## „צען קרייזשפילן“

מיט מוזיק פון לעאָן דרייצעל פאַר געזאַנג און פיאַנאָ.

פאַרלאַג „באַקאַטשיאָ“, בוענאָס איירעס

1945.

## „פון גאַנצן הארצן“

(קינדער־לידער און קרייזשפילן)

בוענאָס איירעס, 1946.

## „אונדזער המשך“

פון א. טקאטש און ש. צעסלער.

כרעסטאָמאַטיע פאַר העכערע גראַדן פאָלקשול און ערשטע קלאַסן מיטלשול. פאַרלאַג „אונדזערס“, בוענאָס איירעס.

1948.

